יונה גאָלדבערג

# ווידערשטאַנד און טעראָר



פאַרבאַנד ביבליאָטעק
נומער 7

אַרויסגעגעבן פון
אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד
45 East 17th Street
New York 3, N. Y.

ניו-יאָרק, 1947

פרייז 15 סענט

מיט דער בראָשורע באַנייט דער קולטור־קאָמיטעט פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַרויסצו־געבן פעריאָדיש, ענלעכע און גרעסערע אַרבעטן איבער קעגנוואַרטיקע פּראָבלעמען. די בראָשורן באַצוועקן צו ברענגען אינפאָרמאַציע און אַ קלאָרע און ערנסטע באַ־לייכטונג איבער וויכטיקע צייט־פראַגן, וועלכע רירן אָן די עקזיסטענץ, אַנטוויקלונג און האָפענונגען פון אידישן לעבן אין ארץ ישראל, אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט.

ווי אָפט די דאָזיקע אויסגאַבעס וועלן דערשיינען, ווענדעט זיך איצט אינגאַנצן אין די בילדונגס־קאָמיטעטן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין די פאַר־שיידענע שטעט און אין דעם אינטערעס וואָס אונזערע חברים און חברות וועלן אַרויסווייזן צו דער דאָזיקער אונטערנעמונג. אויב די בראָשורעס וועלן גוט פאַר־שפרייט ווערן, וועט דאָס אונז געבן דערמוטיקונג און די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן צו אויסברייטערן די אַרבעט.

מיר האָפן, אַז די איצטיקע בראָשורע וואָס מיר גיבן אַרויס וועט העלפן חברים און פריינט אַז זיי זאָלן זיך בעסער אָריענטירן אין די גורלדיקע פראַגן פון אידישן פאָלק.

**צענטראַלער קולטור קאָמיטעט**

פון

אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

פ. גינגאָלד, דירעקטאָר

# אינהאַלט



. . . נאָר אין נאָמען פון לעבן גייען די קינדער פון דער אַרבעט צום טויט, רופן זיי צום שוץ קעגן דעם אויסערלעכן שונא און זאַמלען זיך צו דער מלחמה קעגן דעם פּיינט, וואָס לויערט פון אינווייניק. די פאַרפּאָלקאָמונג פון לעבן, די דערהויבונג פון דער צוקונפט, די הייליקייט פון דער געשיכטע, נאָר זיי זיינען מחייב דעם טויט. זיי, און נאָר זיי נעמען אַראָפּ דעם טויט־פלעק פון דעם אויסגעשטרעקטן קריגס־אָרעם און די ווילדקייט און די טומאה פון האַרצן, וואָס דערשמעקט מלחמה. נישט דער נצחון, נאָר דער זעלבסטשוץ איז מכפּר אויף דער מלחמה און כשר איז דער קאַמפס־געשריי נאָר דאַן, ווען ער ווערט מגולגל אין געזאַנג פון לעבן.

**ד״ר. נחמן סירקין**

. . . עס איז ניט די שולד פון די פּליטים און ניט די שולד פון אידישן פאָלק, וואָס מיר ווערן געזעץ־ברעכער. ווער עס ברעכט דעם גרונט־געזעץ פון ארץ־ישראל, דעם געזעץ פון עליה — דער מאַכט אונז פאַר געזעץ־ברעכער. מיר האָבן געוואָלט אַר־בעטן אין די ראַמען פון געזעץ. מיר האָבן זיך געבויגן פאַר געזעצן, וועלכע זיינען ניט געווען איבעריגנס פריינטלעך צו אונז. מיר קענען זיך אָבער ניט אונטערגעבן צו אַ געזעץ, וואָס מאַכט בטל דעם לעבנס־רעכט פון מענטשן. מיר פסלענען דעם מאָראַלישן יסוד פון איינוואַנדערונגס־געזעץ. מיר פּראָקלאַמירן, אַז דאָס רעכט פון אַ אידן עולה צו זיין אין ארץ ישראל איז ניט אָפּהענגיק פון דעם חסד פון ענגלאַנד אָדער אַראַבער. דאָס איז בלויז אַן עלעמענטאַרע רעכט, און מען קען עס ביי אונז אַוועקנעמען בלויז מיט גוואַלד.

**בערל כצנלסון**

# 1

# הגנה — דער מעכטיקער אָרעם פון ישוב

וואָס איז דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן דער הגנה און די טעראָריסטישע סעפּאַראַטע גרופּן?

די טעראָריסטישע גרופּירונגען טריי צו זייער לאָזונג „נאָר אַזוי" (רק כך!), נאָר מיט דער ביקס און מיט דעם טעראָריסטישן אַטענטאַט — זענען דורכאויס באַגרענעצט צו איין און איינציקער „פונקציע" — פאַרשפּרייטן בלוטיקן אומרו אין לאַנד. די הגנה אין קעגנזאַץ צום „אירגון" און שטערניסטן טראָגט דעם יאָך פון אומ־באַגרענעצטע פונקציעס און פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין נאָמען פון גאַנצן ישוב און אין נאָמען פון גאַנצן אידישן פאָלק.

אויך די הגנה האָט דורכגעפירט שאַרפע מיליטערישע אַקציעס קעגן דער ענגלישער מאַכט, ווען ס'איז געווען נויטיק פאַר אונזער קאַמף: זי האָט צעשטערט די „ראַדאַר" סטאַנציעס, וואָס האָבן נאָכגעשפּירט אונזערע שיפן, זי האָט צעשטערט די שיפן וואָס פירן די פּליטים פון ארץ ישראל קיין ציפּערן, זי האָט פאַרניכטעט פּאָליציי־שיפלעך און עראָפּלאַנען וואָס יאָגן מעפּילים, און האָט עט־לעכע מאָל נישט צוריקגעווייכט פון באַנוצן גוואַלט, כדי אַריינצו־לאָזן אידן אין ארץ ישראל און צו באַזעצן זיי אויפן לאַנד. ווען דאָס ענגלישע מיליטער האָט אָקופּירט די קאָלאָניע בריה האָט די הגנה געשיקט טויזנטער מענטשן וואָס האָבן מיט קראַפט צוריק באַזעצט די דאָזיקע קאָלאָניע און געצוואונגען די ענגלענדער זיך אָפּצו־טראָגן. ווען טויזנטער הגנה מיטגלידער זענען אריין אינ'ם וויסטן

נגב זענען זיי געקומען באַוואָפנט און גרייט צום קאַמף. ווען נייע קאָלאָניעס אין גליל זענען געגרינדעט געוואָרן זענען פאַרגעקומען עטלעכע בלוטיקע צוזאַמענשטויסן מיט די אַראַבער וועגן באָדן און די הגנה האָט זיי פאַרטריבן מיט גוואַלט. טאָג און נאַכט שטייען טויזנטע באַוואָפנטע הגנה מיטגלידער אויף אַלע וועגן און שטעגן פון לאַנד און היטן די אָרדנונג, רו און זיכערקייט פון הונדערטער קאָלאָניעס, שטעט און דערפער. די גאַנצע אידישע יוגנט פון 15—16 יאָריקן עלטער ווערט געאיבט און געשולט אין הגנה־אָפּטיילונגען און איז גרייט צו דער נויטווענדיקייט פון פאַרטיידיקונג. די הגנה איז אַן אָרגאַניזירטע אַרמיי פון 80 טויזנט; זי באַשטייט פון די פאַל־גענדיקע טיילן:

א) קאָמאַנדאָ־טרופּן, — דער „פּאַלמאַך״ פון 5 טויזנט אויס־געצייכנט טרענירטע מענער.

ב) חיל־שדה — די פעלד־טרופּן וואָס פאַרבינדן די פאַרשיי־דענע טיילן פונם ישוב און פאַרטיידיקן די קאָמוניקאַציע־וועגן פון לאַנד, אַ קראַפט וואָס ציילט 15 טויזנט מענער און פרויען.

ג) די Jewish Settlement Police וואָס נעמט אַרום אַלע מענער, וואָס זענען פּיאַיק צו טראָגן געווער אין אַלע אידישע קאָלאָניעס.

ד) די טעכנישע און אינדוסטריעלע אָפּטיילונגען פון דער הגנה וואָס באַשטייען פון קאָמוניקאַציע טרופּן, טעכנישע טרופּן, גרופּן וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּראָדוצירן פון אַלערליי געווער, ערשטע הילף א. א. וו.

ה) די „אינטעליג׳ענץ״ פון דער הגנה, די שפּיאָנאַזש און אויסשפּיר אָפּטיילונגען וואָס פירן אָן מיט אויספאָרשונגען און זוכן אינפאָרמאַציע וועגן ענגלישע, אַראַבישע און אַנדערע טעטיקייטן אין ארץ ישראל און נאָענטן מזרח.

ו) די עליה־אָפּטיילונגען פון הגנה, וואָס פירן אָן מיט עליה בית, באַשטייען פון גרופּן מעפּילים פון אייראָפּע און נעמען זיי אַראָפּ פון די שיפן, פון גרופּן וואָס פירן שיפן אויף אַלע זיבן ימים, פון

שווימער, טעלעגראַפיסטן, מאַטראָזן, פישער און אונטערוואַסער־טויכער

אַזאַ ברייט־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע ווי די הגנה קען נאָר געגליכן ווערן צו אַ נאַציאָנאַלע מיליץ לויטן שווייצאַרישן שטייגער וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון נאַציאָנאַלן מיליטער. די ענגליש־אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס קאָמיסיע, האָט דערקלערט אין נאָמען פון די העכסטע מיליטער לייט, אַז אין פאַל, אַז דאָס ענגלישע מי־ליטער וועט פאַרלאָזן ארץ ישראל, וועט די הגנה פאַרנעמען די מאַכט פּאָזיציעס אין לאַנד און וועט קענען אָנהאַלטן אַ גרויסן טייל פון ארץ ישראל קעגן אַטאַקעס אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר. און דער באַ־קאַנטער אַמעריקאַנער קאָלומניסט יוסף אַלסופּ האָט דערקלערט אין „טריביון", אַז אין גאַנצן נאָענטן מזרח איז פאַראַן אויסער די ענג־לישע טרופּן נאָך אַן אַנדער מיליטערישע קראַפט — די הגנה.

יעדע גרופּע פון היץ־קעפּ קען קויפן דינאַמיט און וואַרפן באָמבעס אויף ענגלענדער אין ארץ ישראל. אָבער קיין שום אַנדער קראַפט קען נישט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער הגנה; נאָר זי קען רעפּרעזענטירן דעם ישוב, פאַראייניקן אַלע זיינע קרעפטן, נאָר זי קען פאַרטיידיקן דעם ישוב אין פאַל פון אומרוען און קריג, נאָר די הגנה קען אָנהאַלטן עמיגראַציע קיין ארץ ישראל קעגן דעם ווילן פון „ראָיאַל נייווי" און נאָר די הגנה קען קאָלאָניזירן די מדבריות און וויסטענישן פון די ווייטע ארץ ישראל גרעניצן. די הגנה — דער מעכטיקער, אָרעם פון אידישן פאָלק, זיין פאַרטיידיקער און בויער.

## 2

## ווידערשטאַנד און טעראָר

די גרויסע אידישע עפנטלעכקייט אין אַמעריקע איז דערשי־טערט ביז צום גרונט צוליב די שפּאַנענדיקע געשעענישן אין ארץ ישראל. די פּרעסע און די ראַדיאָ שעצן אָפּ זייער הויך דעם

„נייעס״־ווערט פון די ארץ ישראל געשעענישן און יעדער קליינער צוזאַמענשטויס, יעדער שאָס כמעט, ווערט פּינקטלעך איבערגעגעבן גלייך אין צוזאַמען מיט דער בלוטיגסטער טראַגעדיע, ווי צ. ב. די באַמבאַרידרונג פון „קינג דוד־האָטעל״. אַ כמאַרע אינטערפּרעטאַ־טאָרן פון אַלע מינים באַדעקט דאָס דאַזיקע פעלד און פאַרגרעסערט די פאַרווירונג און בלבול המוחות: די טענדענציעזע ענגלישע נייעס, די אַראַבישע, די אַמעריקאַנער (טיילווייז אינספּירירט פון אויל־אינטערעסן), די פאַרשידענע, און זייער אָפּט, קעגנזעצלעכע אידישע אינפאָרמאַציע־דינסטן — אַלע צוזאַמען פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון פאַרלוירענקייט ביים דורכשניטלעכן לייענער. און כדי צו האָבן די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ קלאָר בילד וועגן ארץ ישראל׳דיקן קאַמף מוזן מיר געניי ענטפערן און פאַרענטפערן דריי הויפּט־פראַגן:

1. ווער זיינען די אידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען איצט טעטיק אין ארץ ישראל?

2. וואָס האָבן זיי אויפגעטאָן ביז איצט?

3. וואָס זיינען די אונטערשיידן צווישן זיי?

## 3

# פון „השומר״ ביז „הגנה״

**ביזן** יאָר 1936 האָט דער ישוב אין לאַנד געהאַט נאָר איין פאַראייניקטע קאַמף־אָרגאַניזאַציע: די הגנה. די אידיי פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג״ פון אידישן האָב און גוטס, פון אידישן כבוד און פאַרמעגן אין נייעם ארץ ישראל איז אויפגעוואַקסן צוזאַמען מיטן ישוב. פון זיין ערשטן טאָג כמעט האָט דער אַרבעטער און חלוץ אין לאַנד געשטרעבט צו „פאַראידישן״ די פונדאַמענטאַלע יסודות פון אונזער לעבן: יידישע אַרבעט, אייגענע שפּראַך, און יידישע פאַר־טיידיקונג. שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער צווייטער עליה (1908־

1906) איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „השומר" — „דער וועכטער", אַ געהיימע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער, חלוצים און קאָלאָניסטן צו פאַרהיטן יידישע דערפער פון די אָנפאַלן פון די ווילדע אַראַבישע שכנים, נישט צו דערלאָזן אַז יידישער פאַרמעגן זאָל געפּלינדערט ווערן דורך בעדואינישע רויבער, ווייל דער אידעאַל איז געווען אַז יידישער כבוד און פאַרמעגן קענען געטרויט ווערן נאָר דעם יידישן וועכטער — דעם שומר. און אין די פינצטערע ווינטער־נעכט אין גליל העליון זענען אויסגעשמידט געוואָרן די דאָזיקע אידעאַלן פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג און פילע טייערע זין אונזערע האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר דעם דאָזיקן ווערט: בערעלע שווייגער, ישראל גלעדי, מנחם פורטוגאלי און משה באַרסקי א. אַ. דער דאָזיקער „השומר" האָט פיל בייגעטראָגן צום אָרגאַניזירן דעם ערשטן ארץ־ישראלדיקן יידישן לעגיאָן אין 1917 און פון די רייען פון די דאָזיקע לעגיאָנערן און פריערדיקע „שומרים" איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה די „הגנה", די אַלגעמיינע יידישע פאַרטיידיקונגס־אָרגאַניזאַציע פון ישוב.

די האָפנונגספולע טעג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע זענען זייער שנעל פאַריבער. ס'האָט זיך זייער שנעל אַרויסגעוויזן אַז אונטער דער בריטישער מאַנדאַט־הערשאַפט איז נישט פאַראַן קיין געניגנדע זיכערקייט פאַרן ישוב. די אַראַבישע אָנפאַלן פון 1920־21 האָבן צוגעאַיילט דעם אויפבוי פון דער הגנה אַלס די שטענדיקע יידישע מיליציע אין לאַנד. דער קערן פון דער הגנה איז געווען דאָס יידישע דאָרף: די קבוצה, דער קבוץ, דער מושב און די קאָלאָניע. אָבער ס'איז דעם ישוב געלונגען אויפצושטעלן אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע ראַם וואָס האָט זיך געאיבט, געשאַפן געווער און אָנגעפירט מיט דער פאַרטיידיקונגס־אַקציע פון אַלע יידישע ישובים, איינשליסנדיק די שטעט. נאָך מער האָט זיך פאַרשטאַרקט די טעטיקייט פון דער הגנה נאָך די בלוטיקע געשעענישן פון 1929, ווען אונטער דער ענגלישער הערשאַפט זענען די אַראַבער דערלויבט געוואָרן

צו בושעווען אין פאַרלויף פון טעג און וואָכן און צענדליקע ישובים זענען געווען אָפּהענגיק נאָר פון זייערע אייגענע פאַרטיידיקונגס־כחות. בעת די געשעענישן פון 1936־9 איז שוין די הגנה געווען אַזאַ קראַפט וואָס איז געווען בכוח אָפּצושלאָגן כמעט אַלע אַטאַקעס פון די אַראַבער. מיט זייער אַ באַגרענעצטער ענגלישער הילף האָט די הגנה אין פאַרלויף פון דריי און אַ האַלב יאָר אָפּגעהיט דעם ישוב פון אַראַבישע באַנדעס, געפירט דורך נאַצישע און פאַשיסטישע אינ־סטרוקטאָרן וואָס האָבן באַקומען געווער פון דייטשלאַנד און איטאַליע.

אינם יאָר 1937 האָבן די רעוויזיאָניסטן געשפּאַלטן די הגנה און געגרינדעט זייער אייגענע סעפּאַראַטיסטישע קאַמף־אָפּטיילונג, דעם „ארגון צבאי לאומי" (די נאַציאָנאַלע מיליטערישע אָרגאַני־זאַציע). די אורזאַכן פון דער שפּאַלטונג זענען געווען הויפּטזעכלעך אינערלעך־ציוניסטישע: דאָס איז געווען אַ יאָר נאָכדעם ווי די רע־וויזיאָניסטן האָבן פאַרלאָזן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס מיט דער ציו־ניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און האָבן פּרובירט דורך סעפּאַראַטי־שע אַקציעס אויף אַלע געביטן קאָנקורירן און זיך אַנטקעגנשטעלן די אַלגעמיין נאַציאָנאַל־דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציעס פון יידישן פאָלק, אין אויסלאַנד און אין ארץ־ישראל. דער וכוח וועגן די מע־טאָדן ווי אַזוי צו באַקעמפן דעם אַראַבישן טעראָר (הבלגה) האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע, ווייל די הגנה האָט נישט צוגעשטימט צום מעטאָד פון הרגענען יעדן אַראַבישן דורכגייער, פרוי און קינד נאָר דערפאַר וואָס זיי זענען אַראַבער. אָבער דער דאָזיקער ברוך פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין אויפן וויכטיקסטן פעלד פון אונזער לעבן — די זיכערקייט פון 300 יידישע ישובים אין ארץ־ישראל איז גע־בליבן אין די הענט פון הגנה. נאָר אַ קליינע גרופּע פון קיינעם נישט קאָנטראָלירטע עלעמענטן איז געוואָרן „פריי ווי אַ פויגל" צו „געמ־בלען" מיטן פּאָליטישן און פיזישן גורל פון יידישן פאָלק.

4

# די שפּאַלטונג פון אונזער ווידערשטאַנד

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט צונישט געמאַכט די זעלבסט־שטענדיקע פּאָליטישע פּלענער פונם סעפּאַראַטיסטישן „ארגון צבאי לאומי". ער האָט נאָכגעפאָלגט דעםביישפּיל פון ישוב און פון דער הגנה, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו מאָביליזירן אַ יידישע אַרמיי אין קאַמף קעגן היטלעריזם. דער „ארגון" האָט עס נאָכגעטאָן אויף זיין שטייגער: ער האָט דערקלערט „אַ וואָפנשטילשטאַנד" מיט ענגלאַנד און אָנגעבאָטן זיינע דינסטן דער ענגלישער רעגירונג. אָבער דער פאַרסמטער טשאַד פון אַנאַרכיע האָט קודם כל געטראָפן דעם „ארגון" אַליין. זיין בונד מיט דער ענגלישער רעגירונג האָט אַרויסגערופן אַן אינערלעכן רעוואָלט. אַ געוויסער אברהם שטערן האָט דערקלערט די פירער פון „ארגון" אַלס „קנעכט פון ענגלאַנד" און האָט געשפּאַלטן דעם ארגון אום אַליין אָנצופירן מיטן קאַמף. און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אין 1940 די „שטערן־גרופּע" (לוחמי חרות ישראל). זי האָט אָנגעפאַנגען מיט באַנק־רויבערייען אויף יידישע אינסטיטוציעס אין תל־אביב, מיט מערדערייען קעגן יידישע פּאָליציי־אָפיצירען און דערגאַנגען איר קולמינאַציע־פּונקט אין מאָרד פון ענגלישן קאַבינעט־מיניסטער לאָרד מאַין.

דער ישוב מיט דער הגנה זענען געווען פאַרטאָן אין צוויי אויפגאַבן: די יידישע בריגאַדע אין קאַמף קעגן היטלער־שונא און די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַרברייטונג פונם ישוב כדי אויפצונעמען די קומענדיקע אימיגראַציע. און פון דער צווייטער זייט האָט זיך שוין דעמאָלט אָנגעפירט דער פּאָליטישער גראַנגעל פאַרן גורל פון ציוניזם און קעגן דעם ווייסן פּאַפּיר. די טראַגעדיע פון אונזער גורל האָט געוואָלט אַז צוויי טאָג נאָך דעם ווי חיים ווייצמאַן האָט באַקומען אַ קלאָרן אָנזאָג וועגן דער צוקונפט פון יידישן ארץ־ישראל איז דערמאָרדעט געוואָרן לאָרד מוין. און די טעראָר־אַקציע פון די

„שטערניסטן“ און „ארגון“ האָט זיך צעוואַקסן. און אַזוי אַרום איז שוין אַ יאָר פאַרן סוף פון קריג, דער ישוב געווען פאַרטאָן אין צוימען די דאָזיקע געפערלעכע אויסברוכן און ער האָט אָנגעהויבן צו פאַר־לירן פאָליטישן באָדן: אנשטאָט צו זיין אין אַ פּאָזיציע פון באַשולדי־קער קעגן שענדלעכן ענגלישן ווייסן פּאַפּיר — זענען מיר פאַרדרענגט געוואָרן אין אַ ווינקל פון פאַרטיידיקן זיך און אַנטשולדיקן זיך פאַר די טעראָר־אַקטן. און מיט דער ענדע פונם קריג, זעענדיק באַשייג־פערלעך אַז מיר שטייען פאַר אַן אַנטי־ציוניסטישן אַראַביש־ענגלישן פראָנט — זענען מיר אַרויסגעקומען קעגן דאָזיקן אַנטי־יידישן פראָנט מיט אַ געשפּאָלטענער ווידערשטאַנדס באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

## 5

## וואָס באַצוועקט אונזער קאַמף?

וואָס זענען געווען די פּאָליטישע גרונט־אידעען פון אונזער ווידערשטאַנד? ערשטנס, אַקטיווער קאַמף קעגן דער פאַרווירק־לעכונג פון ווייסן פּאַפּיר; צווייטנס, פּאָליטישער קאַמף פאַר אונזער ציל — דער יידישער קאָמאָנוועלטה. דאָס הייסט, אַז מיר וועלן ברעכן מיט געוואַלד די באַשרענקונגען פון ווייסן פּאַפּיר בנוגע אימיגראַ־ציע און קאָלאָניזאַציע, און מיר וועלן אָרגאַניזירן דעם גאַנצן איינ־פלוס פון יידישן פאָלק און קראַפט פון ישוב כדי צו באַקומען צוריק אַ פּאָליטישן סטאַטוס אין ארץ־ישראל. געמיינט האָט עס אַ ווידער־שטאַנד וואָס איז געצילט דורכצוברעכן דעם ווייסן פּאַפּיר אין זיינע הויפּט־פונדאַמענטן: ער באַשרענקט אונזער אימיגראַציע און קאָ־לאָניזאַציע און מיר וועלן מיט אַלע מיטלען, איינשליסנדיק געוואַלט מיטלען, ברעכן די „געזעצן“ פון ווייסן פּאַפּיר אויפן דאָזיקן געביט.

נאָך איידער דער קריג האָט זיך געענדיקט האָט זיך דער דאָ־זיקער קאַמף אָנגעהויבן. אייגנטלעך האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט אפילו אין די מלחמה־יאָרן, טראָץ דעם וואָס די מלחמה האָט זייער

באַשרענקט אונזער אַרבעט. אונזער ווידערשטאַנד איז אייגנטלעך סימבאָליזירט געוואָרן דורך דער אַרבעט פון דער יידישער בריגאַדע: די יידישע בריגאַדע איז געווען אַן אָפיציעלער טייל פון דער ענג־לישער אַרמיי און דאָך האָט זי אָפּערירט ווי אַ זעלבסטשטענדיקער פאַרטרעטער פונם יידישן ווידערשטאַנד קעגן ווייסן פּאַפּיר. די ער־שטע צו העלפן, אָרגאַניזירן און דורכפירן די פרייע יידישע עליה קיין ארץ־ישראל פאַר דער ענדע פון קריג זענען געווען די הגנה־מיטגלידער אין דער יידישער בריגאַדע. ווייל יידישער ווידערשטאַנד מיינט קודם כל איין זאַך: דירעקט פאַרשטאַרקן אונזער כוח אין ארץ־ישראל. מער יידן, מער קאָלאָניעס, מער מיטלען, מער געווער. אונ־זער הויפּט־קראַפט באַשטייט אין אונזער טעריטאָריעלער באַזע — אינם וואַקסנדיקן ישוב. דעריבער זענען אַלע מיטלען כמעט גע־ווידמעט צום דאָזיקן צוועק: אַ ווידערשטאַנד וואָס פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט אונזער ישוב.

## 6

# די געפאַרן פון איבערגאַנגס־פּעריאָד

דער „ארגון צבאי לאומי" און די „שטערן־גרופּע זענען נישט איינשטימיק מיט דעם דאָזיקן הגנה־פּרינציפּ. דער דירעקטער וואוקס פונם ישוב איז קיינמאָל נישט געווען זייער אויפגאַבע. דאָס אַקטיווע, קעמפערישע בויען אונטער די שרעקלעכע אומשטענדן האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע. און נאָך מער: מיטן מאָמענט ווען זיי האָבן פאַרלאָזט די הגנה אין 1937, האָבן זיי איבערגעלאָזט די אומ־מיטלבאַרע אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן די 300 יידישע ישובים אין ארץ־ישראל צו דער הגנה אַליין. יעצט האָבן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן אַז אין ארץ־ישראל האָבן מיר צוויי פראָנטן: אויך דעם אַראַבישן. אַז אונזער פאַרטיידיקונג מוז אויך זיין פאָרבערייט פאַר אַזאַ מאָמענט, וואָס איז לחלוטין נישט אויסגעשלאָסן. און אויב אונזער צווייטער

פראַנט קען זיך עפּענען יעדן מאָמענט, מוז די טאַקטיק און פּאַרנעם פון אונזער ווידערשטאַנדס־אַרמיי זיין צוגעפּאַסט צו דער אָביעק־טיווער סיטואַציע פון צוויי־פראָנטיקן קאַמף.

די ספּעפּאַראַטיסטישע טעראָר אָרגאַניזאַציעס האָבן „דערקלערט ענגלאַנד קריג ביז צו דער פולער באַפרייאונג פון אונזער לאַנד" און דערמיט האָבן זיי נאָך אַמאָל באַוויזן אַז זיי פאַרשטייען נישט דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון אונזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. ווייל זיי שעפּן זייער טאַקטיק אין פּרינציפּן פון אַן אַנאַלאָגיע מיט פאַרשידענע נאָרמאַלע פרייהייטס־באַוועגונגען וואָס האָבן געהאַט איין צוועק — די באַפרייאונג פון לאַנד פונם פרעמדן באַדריקער און פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט. די יידישע באַפרייאונגס־באַוועגונג האָט פאַר זיך אַ פאַרשידענע אויפגאַבע: די רעטונג פון דער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט פונם יידישן פאָלק, די באַשאַפונג פון דאסניי פון אַ יידישן פאָלקס אָרגאַניזם און די קאָנצענטראַציע פונם צעשפּרייטן פאָלק אינם לאַנד. אין קעגנזאַץ צו דעם פרייהייטס־קאַמף פון אירלאַנד, למשל, וואָס זיין צוועק איז געווען וואַרפן דעם גאַנצן געוויכט פון אירלענדישן כוח אויפן וואָגשאָל כדי צו באַקומען אומאָפּהענגיקייט, שטייט פאַרן ציוניזם די אויפגאַבע צו באַשאַפן כוח, האַדעווען יידישן כוח אַלס אַ באַזע פאַר אונזער קאַמף, דורכן פאַרמערן פון ישוב, פון יידישע ישובים, יידישע פּראַצע און פּאָזיציעס.

דער ציוניזם געפינט זיך יעצט אין אַ איבערגאַנגס־פּעריאָד: מיר האָבן שוין באַשאַפן אין ארץ ישראל אַ שטאַרקן און וואַקסנדן קערן פון יידישן כוח, פון 700 טויזנט יידן לעבנדיק אַלס אַ נאָרמאַל פאָלקס־קערנדעל. אָבער מיר האָבן נאָך נישט דערגרייכט די שטופּע וואו מיר קענען רעאַגירן ווי אַ שטאַרק און זעלבסטשטענדיק פאָלק וואָס קען דערגרייכן מיט אַן אויפשטאַנד זיינע לעצטע ענד־צילן דורך זיין אייגענער פיזישער גוואַלט.

די גרונט־אידייע פון טעראָריסטישן קאַמף אין ארץ־ישראל איז, אַז שוין היינט צו טאָג קענען מיר אויפצווינגען אונזערע ענד־צילן מיט געווער אין האַנט, אַז שוין היינט צו טאָג קענען מיר בייקומען

דעם פּאָליטישן קריזיס מיט אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. זיי פאַרגעסן און פאַרטושן דעם פאַקט, אַז 700־600 טויזנט יידן באַזיצנדיק זיבן פערצענטל פּראָצענט פונם א״י־באָדן, מוזן צופּאַסן זייער קאַמפּס־מעטאָדע און זייער ווידערשטאַנד צו די אייזערנע פאַקטן און אָביעק־טיווע אומשטענדן.

## 7

# די פאַלשע אַנאַלאָגיע

אויב אָבער ס׳איז געוועזן איין לערע וואָס מען מעג און מען מוז לערנען פון דער אַלגעמיינער געשיכטע פון פרייהייטס־קאַמפן — דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין און איינהייטלעכער אָנ־פירונג — איז דווקא די אַנאַלאָגיע האָבן די סעפּאַראַטיסטן פאַרגעסן און פאַרשוויגן. אין דער ווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל איז נישטאָ קיין גרעסערע געפאַר ווי קאָנקורירנדיקע, קאָנספּיראַטיווע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס. אַזאַ גרויס לאַנד ווי מעקסיקאָ האָט זיך אפשר נאָך געקאָנט דערלויבן אַז יעדער „גענעראַל" זאָל זיך קויפן אַ קאַנאָן און שאַפן אַן אַרמיי און דערקלערן קריג; מיר וועלן נישט קענען אויס־האַלטן קעגן אויסערלעכע שונאים אויב אונזער קאַמף וועט נישט געפירט ווערן פון איין, נאַציאָנאַל דיסציפּלינירטע, אָרגאַניזאַציע.

נאָך מער. ווער באַשטימט דעם גורל פון יידישן פאָלק און אונ־זער פּאָליטיק? יעדער בחור וואָס קויפט אַ פונט דינאַמיט און פאַר־זאַמעלט זיך אין אַ קעלער מיט אַ פאָר יינגלעך און באַשליסט?... און אויב מאָרגן וועט מען באַשליסן „אָפּצורוימען" פון וועג אַ געוויסן פּריים־מיניסטער — ווער וועט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַזאַ טאַט?

די געשיכטע פון די אירלענדישע אויפשטאַנדן האָט באַוויזן אַז דער גרעסטער שונא אין יעדן קאַמף איז אינערלעכע צעשפּליטערונג,

קאָנספּיראַטיווע אומאָפּהענגיקע פּאָליטיק, אַנאַרכיע פון טעראָר־העלדן. די געשיכטע פון סעפּאַראַטיסטישע טעראָר־אָרגאַניזאַציעס האָט באַוויזן, אַז פריער אָדער שפּעטער, וואַרפט זיך די קאָנספּעראַטיווע פירערשאַפט קעגן „אינערלעכן שונא" און שאַפט אַ צושטאַנד פון אינערלעכן בירגער־קריג. און נאָך מער, די געשיכטע האָט באַוויזן, אַז דער דאָזיקער מין עקסטרעמיזם איז נישט נאָר געצילט קעגן אויסערלעכן פיינט און אַז פריער אָדער שפּעטער הויבן אָן די טעראָריסטישע „איבער־מענטשן" צו פאָדערן מאַכט און אויטאָריטעט איבערהאַלב דעם אייגענעם פאָלק. און זייער אָפט געשעט, אַז מען נוצט די אייזערנע פויסט פון טעראָר כדי צו דערגרייכן די „מאַכט" פאַר וועלכע „העלדישע קאָנספּיראַטאָרן" פילן זיך באַרעכטיקט.

איין זאַך איז קלאָר. פאַר די צוועקן פון דער ענגלישער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל איז נישטאָ קיין לייכטערע אויפגאַבע ווי אַ טעראָריזירטער, צעשפּליטערטער ישוב, אויפגעפרעסן פון אינערלעכע קאַמפן צווישן די „עקסטרעמע" און „נאַכגיביקע". און די אַראַבער, דער פאָרשטייער פון אַראַבישן הויכן־קאָמיטעט האָט דערקלערט אין דער יונ"א: „גאָט בענטש די יידישע טעראָריסטן. קיין גרעסערע הילף האָבן מיר נישט געקאָנט באַקומען".

## 8

# דער גאווה־קאָמפּלעקס פונם צושויער

עס קען זיין, אַז אויך אַ קלאָר דענקנדיקער ייד וואָס פאַרשטייט די הויפּט־פּראָבלעמען פון אונזער אויפבוי־קאַמף קען זיך נישט באַפרייען פון „געפיל פון שטאָלץ" לייענענדיק וועגן די מעשים און אויפטואונגען פון די בײדע טעראָר־גרופּן. דאָס דאָזיקע „שטאָלץ־געפיל" איז דאָך אין תוך גענומען דער „מינדערהייט קאָמפּלעקס" פונם יידן וואָס פילט זיך באַליידיקט און אומעכטיק און פּלוצים

אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אים אַ מעגלעכקייט צו שטעלצירן פֿאַר זיינע נישט־יידישע שכנים מיט אַזעלכע „פּאַטריאָטישע טאַטן".

אָבער די פֿראַגע איז: ווער וועט באַצאָלן דעם פּרייז וואָס מוז באַצאָלט ווערן כדי צו באַפֿרידיקן די „שטאָלץ געפֿילן" פֿון אַ געוויסן קרעמער? דער טעראָר דערלייכטערט דעם ענגלישן קעגן־טעראָר און דערמעגלעכט אויסצונוצן די טעראָר־כוואַליע כדי אונטערצוגראָבן און צעשטערן די יסודות פֿון ישוב. איינע פֿון די ערשטע רעזולטאַטן פֿון טעראָר מוז זיין אַן עקאָנאָמישער קריזיס אין ארץ־ישראל, מיט טויזנטער און אפשר צענדליקער טויזנטער אַרבייטס־לאָזע. אין אַזאַ פֿאַל — וועט עס זיין מעגלעך צו באַשאַפֿן די פּאַר־שידענע פֿאָנדן און געלט־מיטלען כדי אויסצוהאַלטן טויזנטער אַר־בעטסלאָזע אין תל־אָביב אָנשטאָט צו בויען דעם נגב און גליל? און צווייטנס, ווי אַזוי וועט דער ישוב אויפנעמען די אימיגראַנטן, די מעפּילים, אויב ער אַליין וועט זיין באַדראָט פֿון אַרבעטסלאָזיקייט? צי וועט עס נישט זיין אַ טויט־קלאַפּ פֿאַר אונזער עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף?

מען טאָר אויך נישט פֿאַרזען דעם אַרגומענט פֿון פּראָפּאַגאַנדע. „קלוגע" יידן זאָגן: „פֿון איין געשאָסענעם ענגלענדער האָט מען מער „פּובליסיטי" ווי פֿון דריי נייע קאָלאָניעס אין „נגב".

פֿון אומשולדיק אָדער אומנוצלעך געשאָסענע ענגלענדער קריגט מען ענגלישע שונאים און מיליטערישע נקמה־אַקטן. אָבער די „פּובּ־ליסיטי", די פּראָפּאַגאַנדע איז דאָך נישט אַ צוועק. „אַן און פֿאַר זיך". אַ ציוניסטישער פירער האָט לעצטנס באַנוצט דעם פֿאָלגנדיקן בייַ־שפּיל: דער חורבן בית שני, וואָלט ער געשען היינט־צוטאָג, וואָלט אונז באַשאַפֿן גוואַלדיקע „פּובליסיטי". עס וואָלט דאָך געווען אַ וועלט־געשעעניש, ווען דער יידישער הייליגטום וואָלט פֿאַרברענט געוואָרן. איז וואָס? איז צוליב די „קעפּלעך" אַליין דאַרפֿן מיר איינ־שטעלן דעם בית המקדש? און דער חורבן וואָס דראָט אונז, אויב דער משוגענער טעראָר וועט נישט אָפּגעשטעלט ווערן היינט צו טאָג קען דאָך זיכער פֿאַרגליכן ווערן צום חורבן בית שלישי. טאָ וואָס וועט

זיין? לייט־אַרטיקלען אין דער גרויסער פּרעסע, אפשר אויסדרוקן פון סימפּאַטיע און אַ... נייער חורבן, אפשר דער אַנטגילטיקער, פון יידישן פאָלק!

## 9

# איבער וועגן און ימים...

די פּאָליטישע סיטואַציע איז שרעקלעך. אָבער דווקא אין אַ שווערער סיטואַציע איז דער ערשטער געבאָט, נישט צו פאַרלירן דעם קאָפּ און דענקען קלאָר.

די פאַרצווייפלונגס „בראַוואדא" פון „ארגון" און די „שטערן־גרופּע", איז אַ טראַגישער זעלבסטמאָרד־אַקט. און דער ישוב אין ארץ־ישראל וויל נישט קיין „העראָישן טויט" נאָר אַ קאַמף מיט אויסזיכטן אויף נצחון.

27 שיפן מיט 25 טויזנט מעפּילים זענען אָנגעקומען זינט דעם סוף פון דער מלחמה קיין ארץ־ישראל. דערמיט איז געשטאַרקט געוואָרן דער ישוב און די חלוצישע באַוועגונג. אַרום 40 נייע קאָ־לאָניעס זענען גשאַפן געוואָרן אין פאַרלויף פון אַנדערטהאַלבן יאָר, און דערמיט זענען פאַרזיכערט געוואָרן לעבנס־פּאָזיציעס פאַר אונ־זער צוקונפט אין לאַנד. דאָס איז אַקטיווער ווידערשטאַנד, ווייל ער האָט אַ צוועק און אַ ציל מיט זיך. ווייל ער שטאַרקט דירעקט דעם ישוב, און ווייל אונטער אים שטייט אַקטיווער, אָרגאַניזירטער ווי־דערשטאַנד. און הויפּטזעכלעך, ווייל דער דאָזיקער קאַמף איז נישט אויסגערעכנט אויף איין מאָמענט, נאָר אויף אַ לאַנגע תקופה, נישט אויף אויסערלעכן דערפאָלג נאָר אויף אַנטגילטיקן נצחון.

דער אמתער ווידערשטאַנד פון יידישן ישוב איז אַ לאַנגדויע־רנדיקער, שווערער קאַמף. זייער אָפט אָן „פּובליסיטי". דורך אַלע וועגן פון דער חרובער אייראָפּע ציען זיך די פעדעם פון יידישן אונטערגרונד. די הגנה אַרבעט טאָג־איין און טאָג־אויס, כדי צו

זיך דערנענטערן אין שריט פּאַרויס צום ציל. צענדליקער און הונ־
דערטער טויזנטער יידן ווערן אָרגאַניזירט פּאַרן לאַנגן קאַמף. די
גרויסע דראַמע פון מאַסנווייזע אייראָפּע־יידישע וואַנדערונג קיין
ארץ־ישראל ווערט דורכגעפירט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט,
אונטער דער שטרענגער וואַך פון רעגירונגען, קעגן דער פיינטלעכער
בלאָקאַדע פון דער ענגלישער אימפּעריע און אירע פּאַרבינדעטע.
די שיפן און שיפלעך פון דער הגנה, דאָס זענען אונזערע „מייפלאַו־
ערס". זיי טראָגן די געראַטעוועטע און די רעטונג פאַר אונזער זאַך.
זיי קעמפן ווי לייבן קעגן דער ענגלישער „ראָיאַל נייווי", און זיי
וועלן דערגיין צום ציל. און די חלוצים און סתם יידן אויף די שיפן
ברענגען מיט זיך דעם אומגעבראָכענעם ווילן אויסצוהאַלטן, אָנ־
האַלטן און באַזיגן אַלע שטערונגען. און אויף זייערע ליפּן — דאָס
ליד פון פּאַרטיזאַנען און חלוצים:

„זאָג ניט קיינמאָל אַז דאָס איז דער לעצטער וועג...

עס וועט נאָך קומען אונזער אויסגעבענקטע שעה...
מיר זענען דאָ!"

